# יודישע פרויענוועלט



## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט: ד״ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג״.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג״ יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

אבאנאמענטס־פרייז פיר רוסלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג״ נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

Krakau, 29 Oktober 1902. Nr. 18 קראקוי, כ״ח תשרי, תרס״ג.




## אונזערע געבילדעטע טעכטער.

ביי זיי, דאס הייסט, ביי אלע געבילדעטע פעלקער פון איי־ראפא, שטערט די בילדונג נישט דעם מענשען, אז ער זאל בלייבען א געטרייער זוהן פון זיין נאציאן. אדרבה, וואס געבילדעטער דער מענש ווערד, וואס ווייטער און טיעפער ער זעהט און פארשטעהט די וועלט און די מענשען, אזוי שטארקט און פעראיידעלט זיך אויך זיין נאציאנאלעס געפיהל. און דווקא די גרעסטע גאונים פון די אומות העולם, וואס ארבייטען פאר די גאנצע מענשהייט, דווקא זיי בלייבען די בעסטע זוהן פון זייער פאלק, זיי ליעבען מיט א טיעפען אינסטינק־טיווען געפיהל זייער אייגענע נאציאן, האטש אפט קענען זיי זיך אליין נישט אבגעבען קיין חשבון, פאר וואס זייער נאציאן איז זיי טייערער פון אנדערע נאציאנען, וועלכע זענען געוויס נישט שלעכ־טער און נישט בעסער פאר איהר.

אויף דעם יודען, ווירקט די בילדונג פונקט פארקעהרט: קוים בעקומט א יוד בילדונג, קוים ענדיגט ער א גימנאזיום, איין אוני־ווערזיטעט אדער ער לערענט זיך פאר זיך צו הויז — אזוי ווערד זיין נאציאנאלעס געפיהל זעהר אבגעשוואכט, און אפט—אפט שטעלט ער זיך שוין די פראגען: צי איז ער א יוד און פאר וואס איז ער א יוד?

אמת, אונזערע אסימילאטארען, וואס רעדען כלומר'שט זיך איין, אז זיי זענען נישט קיין יודען, פיהלען אין הארצען, אז דאס איז נישט אמת, זיי קענען זעהר ווייט אוועק פון זייער פאלק, אבער תמיד פיהלען זיי עפּיס א ווייטוג אין הארצען, זיי ציעהט נאך עפּיס, וואס זיי ווייסען אליין נישט ווי אנצורופען, אבער זיי פיהלען דאך, אז זיי האבען דאס געלאזען ביי זייער פאלק; אבער דערפאר זעהען מיר פון דער אנדער זייט, אז אויך אונזערע געבילדעטע נאציאנאליסטען זענען נישט זיכער מיט זייער יודישקייט און די פראגע, פאר וואס זענען מיר יודען? מוטשעט זיי זעהר שטארק, ווי באלד נאר זיי פערזוכען אביסעל בילדונג. זיי זוכען אפילו און געפינען אפט מאל א תירוץ דערויף, זיי בערוהיגען אנדערע און זיך אליין מיט אלערליי ראיות פון דער וויסענשאפט, אז זיי מעגען און מוזען זיין יודען, און זיי זענען העכסט גליקליך, אז זיי געפינען א נייעם בעווייז, אז זייער יודישקייט איז נוצליך און נייטיג פאר אלע אנדערע פעלקער, פאר די גאנצע מענשהייט. איך וויל נישט רעדען פון דעם, אז אין תוך גענומען זענען זייערע ראיות און מופתים גאר נישט ווערט, ווייל מען קען גרויסע ספקות האבען אין די גאנצע נוצליכקייט פון מענשען, וואס ווייסען און פיהלען נישט צו וועמען זיי געהערען; איך וויל נישט רעדען דערפון, וואס זייערע תירוצים בערוהיגען קיינעם נישט און אפילו זיי אליין אויך נישט, ווייל די קשיא, פאר וואס זענען זיי יודען, בלייבט נאך אלע תירוצים דאך א קשיא, אויף וועלכע זיי האבען קיין תירוץ נישט און וועלכע גיט זיי אויף א מינוט קיין רוהע נישט. איין זאך איז אונז אלעמען קלאר, אז שוין די מעשה, וואס מען קען פרעגען אזא מין שאלה און מען דארף אויף איהר תירוצים, בעווייזט אונז, אז דאס נאציאנאלע געפיהל איז ביי אונזערע געבילדעטע מענשען גאר שוואך, עס שאקעלט זיך אזוי שטארק, אז מען דארף איהם אונטערשפארען און אונטערהאלטען מיט אלערליי ראיות און פסוקים פון ביכער.

אבער ביי אונזערע זוהן רופט, לכל הפחות, די בילדונג ארויס א מלחמה אין זייער נשמה. זי ראנגעלט זיך מיט זייער נאציאנאלעם געפיהל. אונזערע געבילדעטע יונגע לייט איז אפשר גאר נישט גערינג יודען צו זיין, אבער זיי איז נאך שווערער, צו זיין נישט יודען, אוועק צו לויפען און צו פערגעסען זייער פאלק.

גאנץ אנדערש שטעלען זיך אונזערע געבילדעטע טעכטער צום יודישען פאלק. זיי געהען פון אונז אוועק, פשוט, אהן חכמות און שאלות, פונקט, ווי זיווארפט פון זיך אראב איהרע אלטע קליידער. די צאהל פון אונזערע געבילדעטע טעכטער, וואס געהערען צו אונז, וואס פיהלען זיך אלס יודינען, איז זעהר קליין. זי פיהלען ניט קיין שמערצען נאך זייער פאלק, ווייל זיי לאזען דארט נישט, וואס זיי איז טייער און וואס ציעהט זיי צו מיט א געוואלטיגעם כח. און אפילו אונזערע נאציאנאלע בעוועגונג, וואס האט דאך צוגעצויגען טויזענדער געבילדעטע יונגע מענשען צו אונזער פאלק, האט כמעט קיין שליטה ניט אויף אונזערע געבילדעטע פרויען, און דער גרעסטע טהייל פון זיי געהט נישט מיט אונז, נאר געגען אונז.

מען מוז זאגען דעם אמת, זעהר גוטע ציוניסטקעס, וואס געבען אוועק זייער גאנצע נשמה און קראפט אונזער בעוועגונג, וואס האבען א געוויסע השפעה אויף געוויסע קרייזען פון דעם פאלק אדער פון דער יוגענד — זענען ביי אונז כמעט ווי גאר ניט דא. פארקעהרט אבער געפינען מיר צווישען די געבילדעטע פרויען, וואס ווייסען נישט און ווילען נישט וויסען פון אונזער נאציאנאלער בעוועגונג.

בעזונדערס שטארק טרעט ארויס דיעזער פאקט אין דער לעצטער צייט, זינט עס האט זיך אנגעהויבען די ציוניסטישע בעוועגונג. מיר האבען אין אונזער ציוניסטישען לאגער נישט ווענינ פאטערס ציוניסטען, וועלכע האבען די גרעסטע געגנער דווקא ביי זיך אין הויז און דאס זענען בעיקר זייערע געבילדעטע טעכטער.

אמת, מיר האבען אזוינע פאטערס, וואס זייער ציוניזם אדער נאציאנאליזם איז אזוי צו זאגען, א בעל־הבית'ישער, דאס הייסט, אזא מין ציוניזם, וואס הויבט זיך אן מיט שקלים און לאזט זיך אוים מיט שענע ווערטער, מיט אלערליי שטורמדיגע אסיפות, און ביי דער העכסטער מדרגה — מיט א נסיעה קיין באזעל: אבער פון אזא ציוניזם זעהט מען אפילו נישט קיין שפור אין דער היים און אין דער ערציהונג פון קינדער.

עס פערשטעהט זיך, אז אזוינע "בעל־הבית'ישע" ציוניסטען שטויסען אפטמאל אליין בידים אב זייערע טעכטער פון אונזער נאציאנאלער בעוועגונג, בפרט אז די טעכטער זענען געבילדעט און האבען טיעפע, עהרליכע זעלען, ווייל די טעכטער פיהלען און זעהען, ווי ווענינ אידעאליסטיש און איידעל איז דער ציוניזם פון זייערע עלטערען און ווי ווענינ ער קען בעפריעדיגען אלע יונגע מענשען, בפרט פרויען, וועלכע זוכען אין יעדער בעוועגונג נאר אויפריכטיגקייט, אמת'קייט און טיעפע ליעבע צו דעם אידעאל פון דער בעוועגונג, אזא ליעבע, וואס האט בטבע פיינד ארויסצווייזען זיך מיט "בעל־הבית'ישע גדלות".

אבער נישט אלע פאטערס זענען דאך בעל־הבית'ישע ציוניסטען. מיר האבען פערקעהרט פילע אמת'ע און טיעפע ציוניסטען, וואס ווינשען אויפריכטיג צו ערציהען זייערע קינדער אין ליעבשאפט און געטרייקייט צו אונזער פאלק, און דאך קענען זיי דאס בשום אופן נישט דערגרייכען ביי זייערע טעכטער.

אין דער נשמה פון אזא פאטער שפיעלט זיך אפט אב איין אמת'ע, טיעפע טראגעדיע. ער ליעבט זיין טאכטער, ער שעצט זי זעהר הויך. ער זעהט אלע איהרע גייסטיגע מעלות, ער זעהט, ווי זי זוכט מיט איהר אויפריכטיגער, ריינער און איידלער זעלע די ריינע וואהרהייט און דאס איידעלע גליק, ווי זי זוכט גרויסע מעשים און איז בערייט אויך מקריב זיין איהר לעבען און פרייהייט פאר די העכסטע אידעאלען. און ער, וואס ליעבט זיין פאלק, גלויבט אין זיין צוקונפט און וויל אז אלע יודישע כחות זאלען ארבייטען פאר דעם יודישען פאלק — ווי טיעף שמערצט עס איהם צו זעהען, אז זיינע אייגענע היים־געליעבטע טאכטער געהט אוועק פון איהם, ארבייט פאר אנדערע, פאר אלע אידעאלען אין דער וועלט, נאר נישט פאר דאס יודישע אידעאל. ער פערשטעהט, אז ער מוז מלחמה האלטען געגען די געגנער פון זיין פאלק; אונוועלענדיג אין הארצען פיהלט ער א מאל איין געוואלטיגען האס געגען די יודישע קינדער, וואס פערלאזען זייער פאלק, און דאך זעהט ער, אז צווישען זיי איז אויך זיינע איידעלע

און הויכגעבילדעטע טאכטער — און ער קען נישט האסען, אז ער מוז מוחל זיין אלע געגנער פון זיין פאלק, ווייל זיין טאכטער איז איינע פון זיי. און דער עהרליכע פאטער מוטשעט זיך און קען קיין ענטפער נישט געפינען, פאר וואס אנטלויפען די בעסטע און יונגסטע יודישע כחות פון דער יודישער נאציאנאלער בעוועגונג. און אין אמת'ען איז דאס אמערקווירדיגער פאקט, וואס אזא מין טראגעדיע קען פארקומען אין די נשמות פון די פאטערס, בשעת די נשמות אבער פון די טעכטער בלייבען רוהיג. די געבילדעטע טעכטער פיהלען פשוט קיין ניט שום נאציאנאלע געפיהלען אין זיך: זיי איז די יודישקייט ממש אפרעמדע זאך, וואס געהט זיי נישט אן, זיי הויבען נישט אן צו פערשטעהן די יודישע יסורים, דעם צער, דאס אונגליק פון דעם יודישער הארץ. זיי זעהען אין דעם יודישען פאלק מעהר נישט ווי פשוטע ארעמע לייט, וועלכע מען דארף העלפען וועלכע זיי ליעבען אלס ארעמע, געדריקטע, און פאריאגטע מענשען, אבער נישט אלס יודען. זיי זענען מודה, אז דער יוד האט רעכט אויף א מענשליכען קיום, אבער אז דאס יודישע פאלק ברויך א באזונדערען נאציאנאלען קיום — דאס פערשטעהען זיי גאר נישט, ווייל זיי ווייסען גאר נישט פון א יודיש פאלק, פון אין יודישער נאציאן.

די יודישע געבילדעטע טאכטער ווייסט נישט פון קיין מלחמה צווישען נאציאנאלעם געפיהל און בילדונג; זי מוטשעט נישט די פראגע צו זי איז א יודין צו נישט, ווייל ביי איהר איז גאר קיין ספקות נ י ש ט א. זי ווייסט פאראויס, אז זי איז ניט קיין יודין, ווייל עס זענען אין איהרע אויגען איבערהויפט נישטא קיין יודען, נאר אונגליקליכע ארעמע מענשען, וואס בעטראכטען זיך בטעות פאר יודען און וואס זענען נעבעך אונגליקליך איבער דיעזען פינסטערען טעות...

אונזערע געבילדעטע טעכטער ווילען נישט וויסען פון אונזער אונגליקליכען יודישען פאלק — דאס איז אטרויעריגער פאקט, וואס פאדערט, מען זאלען איהם בעסער בעטראכטען.

(ענדע קומט).

נ. טשערניאק.

---

## די לאגע פון דער יודישער פרוי אין דער אלטער צייט.

(פארטזעטצונג).

רבי עקיבא, זיין חבר, דער גרויסער יודישער פאטריאט, האט בעשיצט די שלאפע פרוי געגען איהר מאן. א מענש האט אמאל א נדר געטהון גט'ען דאס ווייב. האט איהם רבי עקיבא געהייסען בעצאהלען זיין ווייב פיער הונדערט טהאלער פאר איהר כתובה. זאגט דער מאן: „מיין גאנצער אייגענס איז מעהר ניט ווי 400 טהאלער, לכן זאל זי נעהמען 200 טהאלער, און די איבעריגע 200 וועלען מיר זיין אויף צום לעבען". דערויף ענטפערט איהם רבי עקיבא: „מעגסט אפילו פערקויפען די האר פון דיין קאפ און איהר זאלסטו אבגעבען איהר כתובה ביז א פרוטה".

רבי עקיבא האט זעהר געליעבט און געשעצט זיין פרוי רחל, און האט געפאדערט דאסזעלבע פון יעדען יודען. ער האט געזאגט, אז דער מאן, וואס ווארט, אז זיין פרוי זאל שטארבען, כדי ער זאל זי ירש'ענען, אדער בכדי ער זאל קענען חתונה האבען מיט איהר שוועסטער, וועט ער האבען א שלעכטען סוף — ער וועט שטארבען פאר איהר לעבען. —

רבי מאיר, רבי עקיבא'ס תלמיד, וואס האט מתקן געווען די בעוואוסטע ברכה: „ברוך שלא עשני אשה", דאס הייסט: „געלויבט איז דער, וואס האט מיך ניט בעשאפען קיין פרוי" *) האט פונדעסטוועגען זעהר פיעל געטהון, אום צו פערבעסערען די לאגע פון דער פרוי. ער האט זיך בעמיהט צו בעווייזען, אז דער דין וועגען א כתובה איז מן התורה, בכדי דאס פאלק זאל דאס ניט האלטען פאר גרינג.— אויב א מאן האט אויסגענומען א תנאי מיט זיין ווייב, בעת ער האט זי מקדש געווען, אז ער זאל זי ניט מפרנס זיין און ניט קליידען, זאגט רבי מאיר, אז דער תנאי איז בטל, און דער מאן מוז איהר געבען אלעס, וואס זי ברויכט צום לעבען.

די תורה האט נאר דעם מאן ערלויבט צו גט'ען זיין ווייב, די פרוי האט ניט געקאנט פאדערן פון איהר מאן א גט. די חכמים אבער האבען אויך דער פרוי געגעבען רעכט צו גט'ען זיך מיט איהר מאן, ווען זי וויל איהם ניט ליידען. רבי מאיר זאגט, אז אויב א פרוי האט חתונה מיט א קאליקע אדער מיט א מענשען, וואס האט א מיאוס'ע ארבייט, אויף וועלכע עס עקעלט צו קוקען, מעג זי פאדערן פון איהר מאן א גט, חאטש זי האט פריהער געוואוסט דעם מאנס מום אדער ארבייט, ווייל זי קען זאגען: „פריהער האב איך געמיינט, אז איך וועל קענען ליידען זיין מום אדער ארבייט, און איצט זעה איך, אז עס איז מיר שווער צו ליידען". — אין פיעל ענינים זאגט רבי מאיר אז „דאס ווייב איז אזא תקיף ווי איהר מאן".

די גמרא דערצעהלט איין אנעקדאט, פון וועלכער מיר קענען זעהען ווי הויך דער רבי מאיר האט געשעצט די פרויען און דעם שלום-בית. איין עם-הארץ איז אין כעס געווארען אויף זיין פרוי, ווייל זי געהט תמיד הערען רבי מאיר'ס דרשות, און דאט איהר געזאגט: „זאלסט ניט צוריק קעהרען אהיים, אויב דו וועסט ניט א שפיי טהון רבי מאיר'ן אין פנים". געוועהנליך איז דער ארימער פרוי געבאך געווארען זעהר שלעכט: דער בייזער מאן וואלט זי געוויס פערטריבען פון זיין הויז, אבער רבי מאיר'ן מבזה זיין האט זי אויך זעהר ניט געוואלט. רבי מאיר האט זיך דערוואוסט דערפון, און רופט צו זיך די פרוי און זאגט איהר: „עס שמערצט מיר זעהר איין אויג, דעריבער בעט איך דיך, אז דו זאלסט מיר אבשפרעכען דעם ווייטאג און זאלסט אנשפייען אין אויג זיעבען מאל". די פרוי האט אפילו זעהר ניט געוואלט, נאר רבי מאיר האט איהר שטרענג בעפאהלען און זי האט געמוזט טהון, וואס ער האט איהר געהייסען. דערנאך זאגט ער צו איהר: „איצט געה און זאג דיין מאן: איך האב דיין וואונש ערפילט און האב רבי מאיר'ן ניט איין מאל, נאר זיעבען מאל אנגעשפייט אין פנים". זיינע תלמידים האט דאס אבער פערדראסען, וואס זייער רבי האט זיך געלאזט מבזה זיין, און האבען איהם מיט פערדרוס גע-

---

*) דער טעם פון דער ברכה איז, ווייל א פרוי איז ניט מחויב מקיים זיין אלע מצות פון דער תורה, דעריבער דאנקט רבי מאיר גאט, וואס ער האט איהם בעשאפען א מאנסבילד און ער קען מקיים זיין אלע מצות, וועלכע ער האט זעהר ליעב געהאט.

פרעגט: „צי מעג מען אזוי מבזה זיין די תורה?" רבי מאיר האט זיי אבער געענטפערט: „אז גאט האט צוליעב שלום־בית געהייסען אויסמעקען זיין היילינגען נאמען, מעג איך זיך לאזען שפייען אין פנים צוליעב מאכען שלום צווישען א מאן מיט א ווייב".

די זעלבע מיינונגען, וועלכע רבי מאיר האט געהאט וועגען דער פרוי, האט זיין חבר רבן שמעון בן גמליאל דער נשיא אויך געהאט. אויסערדעם האט נאך רבן שמעון בן גמליאל געוואלט מאכען די פרוי גאר זעלבסטשטענדיג, אונ ער האט געזוכט תחבולות, ווי מאכען די פרוי פאר א בעל־הבית'טע אויף איהר אייגענס, אז דער מאן זאל גאר קיין שליטה אויף דעם ניט האבען. ער גיט, למשל, איין עצה דער פרוי, אז זי זאל פאר דער חתונה געבען א דאקומענט א פרעמדען מענשען, אז זי שענקט איהם במתנה איהר גאנצען פערמעגען. דאמאלס האט שוין דער מאן אויף דעם קיין רעכט ניט אונ קען ניט געהמען זיך אפילו די הכנסה. דערנאך, אז יענער מענש וויל אבנעהמען איהר פערמעגען, לויט דעם דאקומענט, זאגט זי יענעם, אז זי האט איצט חרטה אונ וויל איהם שוין די מתנה ניט געבען. אונ אט אזוי ווערד זי די גאנצע בעל־הבית'טע אויף איהר פערמעגען.

רבי יוסי בן חלפתא, אויך א חבר רבי מאיר'ס, האט זעהר געשעצט די פרוי אלס הויז־ווירטהין. ער זאגט: „אז די פרוי מאכט ליכטיג איהר מאנס אויגען, זי שטעלט איהם אויף זיינע פיס". אויך זאגט ער „צייט איך לעב האב איך ניט גערופען מיין ווייב מיט דעם נאמען: „ווייב" נאר — מיין הויז", דאס הייסט, אז זיין גאנצעס הויז איז געגרינדעט אויף דער ארבייט פון זיין ווייב. ער פסק'ענט א דין, אז „אויב דער מאן דערלאזט ניט דאס ווייב צו קיין פערגניגען, למשל, אז ער פערבאט איהר, אז זי זאל קיין ציערונג ניט אנטהון, מוז ער איהר געבען גט".

(ענדע קומט).

שלמה בערמאן.

---

# דאס אמאליגע קינד.

(ענדע).

די ערשטע מענשען־קינדער האבען צו פערדאנקען פאר זייער לעבען נאר דער אמאליגער ווילדער מוטער. ווען די מוטער איז געוועזען הונגריג האט פאר איהר אויך קיינער נישט געזארגט, פון א פאמיליען־לעבען האט מען נאך קיין השגה ניט געהאט אונ די פרוי אליין האט געמוזט זארגען פאר זיך אונ פאר איהר קינד, וואלט דאמאלס די ווילדע פרוי נישט געוועזען זעלבסט־שטענדיג, ווען זי וואלט נישט געקענט אליין מיט אייגענע כחות קריגען זיך אלץ, וואס זי האט בעדארפט צו איהר לעבען, וואלט זי געוויס נישט געקענט אויסהאדעווען דאס אמאליגע קינד.

בשעת מען איז אבער אליין הונגריג, איז זעהר שווער צו ערנעהרען דעם צווייטען, צו זארגען אפילו פאר דעם אייגענעם קינד. די גרויסע מלחמה פאר'ן לעבען אונ די שרעקליכע נויטה, וועלכע דאמאלס האט בעדארפט אויסהאלטען די מוטער, פלעגט אפט צווינגען מיט געוואלט די מוטערס צו טוידטען זייערע קינדער. דער שכל, דאס געפיהל פון יענער פרוי איז געוועזען נאך ווילד, די אכזריות פון דער מוטער איז געוועזען גרויס — אונ דאס אלץ האט זיך, פערשטעהט זיך, אויסגעלאזען צו דעם נייגעבוירענעם קינד.

א חוץ דעם, פלעגען די פרויען זעהר פריה אנהויבען צו געבוירען קינדער, די קינדער פלעגען געבוירען ווערען שוואכע, קראנקע, אזעלכע איז געוועזען נאך שווערער צו האדעווען, אונ זעהר א סך קינדער זענען פריה אוועק פון דער וועלט.

דאס שווערע לעבען פלעגט אפולע מאל גובר זיין די מוטערליכע ליעבע פון דער ווילדער פרוי, אלץ ארום איז געשטאנען אויפ'ן וועג פון דער מוטער אונ האט שטארק געדריקט די נאטירליכע ליעבע פון דער פרוי צו איהר קינד. אמת, שרעקליך איז געוועזען דאס געפיהל פון דער ווילדער מוטער, וועלכע פלעגט אליין טוידטען איהר קינד, אבער נאך שרעקליכער איז געוועזען דאס לעבען פאר דער אמאליגער פרוי, אונ נאר די ביטערע נויטה איז געוועזען די עיקר סבה פון אזא אכזריות.

די אמאליגע מוטער איז אבער פארט מוטער געבליבען אונ חאטש דאס קינד איז געוועזען א שווערע לאסט פאר דער אמאליגער מוטער, פון דעסטוועגען פלעגט איהר מוטערליכעס געפיהל אפט גובר זיין אי דעם הונגער, אי די נויטה, אי די אייגענע אכזריות אונ די ווילדע מוטער איז דאמאלס געוועזען די איינציגע הערשערין אונ זארגערין פאר דעם קינד.

אויף די מוטערס פלייצעס איז געלעגען דאס נייגעבוירענע קינד אין דעם אמאליגען וואלד, אונ פון איהר אליין האט זיך שפעטער דאס קינד, ווען עס איז א ביסעל אונטערגעוואקסען, דערוואוסט, וואו געפינען זיך יענע בלומען אונ פרוכטען, וועלכע ער האט בעדארפט צום עסען, וואו געפינט זיך דער טייך, וואו ער האט פיש געפאנגען, וואו געפינט זיך דער האלץ, דער שטיין, דער האק אונ אלע אנדערע אמאליגע כלי זין, מיט וועלכע דער וואלד־מענש פלעגט זיך אויסזוכען זיינע לעבענס־מיטעל.

אונ כל זמן די מוטער איז געוועזען פריי, אין איהר אייגענעם רשות, כל זמן זי איז געוועזען די איינציגע הערשערין איבער די קינדער, האט זי מלחמה געהאלטען פאר דעם קיום פון איהרע קינדער נאר מיט דער נאטור־וועלט אליין:

שפעטער אבער, אז די לאגע פון דער פרוי איז שלעכטער געווארען אונ דער מאן איז געווארען דער גאנצער בעל־הבית אויף איהר, האט זי געמוזט שיצען איהר קינד פון די מענער, וועלכע האבען זיך בעגאנגען מיט גרויס אכזריות געגען זייערע קינדער.

די מוטער איז געוועזען אפטמאל א שרעקליכער אכזר איבער איהר קינד, ווייל איהר מוטערליכעס געפיהל איז נישט פריי געוועזען, ווייל די מוטער־ליעבע איז אויך געוועזען אין דעם רשות פון דעם מאן אונ פאטער.

איבער דער קנעכטשאפטליכע לאגע פון דער פרוי, וועלכע האט זיך אנגעפאנגען נאך אין די פריהערסטע צייטען פון דער מענשליכע געשיכטע, איז די אכזריות פון דער מוטער צו איהר קינד געבליבען אויף א פולע יאהרען אין דער מענשען־געשיכטע. נאך עד היום געפינט מען אין די ווילדע ערטער דעם פאקט, אז די פרויען, וועלכע זענען שוין אין גאנצען אונטער דעם מאנס־רשות, טוידטען

אליין זייערע קינדער, ווען זיי זעהען אוים נישט אזוי געזונד, ווי נאך זייער שכל קומט אוים.

אהן א שיעור קינדער זענען געטוידטעט געווארען אויך מחמת דעם, ווייל די מוטערס האבען געוואלט, אז זייערע קינדער זאלען זיין דווקא מיט שפיציגע אדער מיט ברייטע קעפּ, שווארצע אדער רויטע, א. ד. ג. אין פערשיעדענע ערטער האבען די מוטערס געהאט בעזונדערע סמנים אויף זייערע קינדערס געזונדהייט, און פון דעם טאקי זענען ארויסגעקומען די פערשיעדענע ווילדע פעלקער, מיט זייערע פערשיעדענע געשטאלטען. די קאוויאנער פרויען, וועלכע וואהנען נעבען דעם טייך אראגוא אין בראזיליע עסען זייערע קינדער. בכדי אין זיי זאלען אריינגעהען זייערע קליינינקע נשמות. אנדערע פרויען עסען זייערע קינדער, בכדי אין זיי זאלען צוקומען די כחות וועלכע זיי האבען אנגעווארען בשעת דער קינדבעט. אין אויסטראליע רופט די מוטער אויך אנדערע פרויען צו אווארמעס פון איהר אייגענעם קינד: ביי די אריער אין די ערשטע צייטען פלעגט מען לעבען לאזען דווקא די קינדער פון גרויסע מענשען, די קינדער אבער פון דעם המון־עם פלעגט מען טוידטען, דאס האבען זיי מתקן געווען, כדי ביי זיי זאל זיין א פאלק פון פור יחסנים און העלדען.

זעהר אפט פלעגען די קינדער לעבען בלייבען נור דענסטמאל, ווען דער בעל־הבית פון די קינדער האט געקענט האבען נוצען דערפון, דער בעל־הבית איז געווען דער פאטער, און מעהר וואס דער בעל־הבית האט געוועלטיגט איבער דער מוטער, האט ער אלץ מעהר געוועלטיגט אויך איבער איהר מוטערליכעס געפיהל. די נאטירליכע ליעבע פון דער מוטער איז געווען געצוואונגען און פערשטיקט דורך די געוועלטיגקייט פון דעם ווילדען מאן, די מוטער מיט דעם קינד צוזאמען האבען אפט שטארק געליטען פון דעם ווילדען מאן. ביי די ווילדע האט דער מאן געהאט דאס רעכט ארויסטרייבען יענע פרוי, וועלכע האט איהם געבוירען מעהר קינדער, אודער ער האט געוואלט. דאס קינד פלעגט לעבען בלייבען נור דאמאלס, ווען דער פאטער האט אויף דעם מסכים געווען. דאס לעבען פון דער מוטער מיט דעם קינד זענען געווען אבהענגיג פון זיין חשבון, פון זיין ווילען.

ווען ביי דער מוטער פלעגט שטארבען א קינד פון עטליכע יאהר, האט מען פון איהר שטארק חוזק געמאכט און געלאכט, ווייל זי האט אומזיסט געהאדעוועט איהר קינד, זי האט דאך געהאט אבעסערע ברירה: טוידטען דאס קינד באלד נאך זיין געבורט.

די פערקנעכטעטע מוטער בעדארפט זיין איין אמת'ע העלדין בכדי צו האדעווען און זארגען פאר איהר קינד. דאס מוטערליכע געפיהל האט אנגעפאנגען צו וואכסען אלץ גרעסער און גרעסער, ערשט דענסטמאל, אז די מוטער האט בעדארפט מלחמה האלטען נישט פאר איהרע לעבענסמיטלען, נאר פאר איהר מוטערליכע ליעבע צו איהר קינד.

דאס אמאליגע קינד האט צו פערדאנקען זיין לעבען נאר דער פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט פון דער אמאליגער מוטער. און וואס מעהר איז געוואקסען די מוטער־ליעבע, אזוי איז אלץ שטארקער און פרייער געווארען איהר קינד.

ש. בעלענקי.

---

# די פרויען־וועלט.

I.

## אלגעמיינע נייעס.

(איינגעלאדען אין חינעזישען קייזערליכען הויף). די דאמען פון די אויסלענדישע געזאנדטע זענען געווען די טעג געלאדען ביי די אלמנה פון דעם חינעזישען קייזער אויף א פריהשטיק.

(זאלא'ס פרוי ביי איהר מאנס לויה). פאר דער לויה האט מען זאלא'ס פרוי צוגעפיהרט צום ארון. מאדאם לאבארי, זאלא'ס אדוואקטס פרוי, איז געשטאנען נישט ווייט פון פרוי זאלא, בשעת זי האט זיך געזעגענט מיט דעם מת. פרוי זאלא האט שטיל געוויינט און האט געזאגט: „פאר וואס האט דאס אומגליק דיך געטראפען און נישט מיך?" באלד זענען אנגעקומען דאקטוירים און האבען איהר בערוהיגט און איהר פון דארט ארויס געפיהרט, ווייל זי איז נאך גענוג שוואך פון דאס אומגליק, וואס איהר האט צוזאמען מיט איהר מאן געטראפען, און זי איז אויך שיער נישט דערשטיקט געווארען, און דארף זיך נישט צופיעל אויפרעגען און אנשטרענגען.

(אבגעזאגט פון דער לעהרערין־שטעלע). אין הערסאנער אויעזד האט מען א לעהרערין אבגעזאגט פון דער שטעלע דערפאר, ווייל זי האט א מאן. דער מאן איהרער דערצעהלט, אז אין דעם אייגענעם אויעזד זענען דא אסך לעהרערינען, וועלכע האבען מענער, נישט קיין לעהרער, און נאר אויף איהם איז נגזר געווארען אדער ער זאל זיך שיידען מיט דער פרוי אדער די פרוי זאל זיך אבזאגען פון דער שטעלע. עס איז מערקווירדיג, וואס די גזרה איז געווארען ערשט צוויי יאהר נאך דער חתונה פון דער לעהרערין.

II.

## יודישע נייעס.

(א זעלטענע חתונה). דעם „וואסחאד" שרייבט מען, אז אין דער אלטער שוהל אין דאר־על־באראברא אין קאירא, די הויפט־שטאדט פון מצרים, איז געוועזען, די צייטען א חתונה, אויף וועלכע עס זענען זיך צוזאמענגעקומען געסט פון פערשיעדענע קלאסען; ענגלישע אפיצירען אין רייכע מענדורען און אין שניי ווייסע קאסקעס, אויך אפיצירען פון טערקישע און מצרישע מיליטער אין העל־רויטע מיצען און א גרויסער יודישער עולם. דער חתן איז א יונגער ענגלישער אפיציער, וועלכער האט זיך מגייר געוועזען, די כלה אשיין יודיש מיידעל פון זעהר ארימע עלטערן, א געוועזענע פריקאזשטשיטשע אין א פראנצויזישען מאגאזין. דער ענגלישער אפיציער האט געמוזט נאכגעבען די כלה'ס פאטער, וועלכער האט אנדערש ניט מסכים געוועזען אויף דעם שדוך, ווי לאנג דער חתן וועט נישט אנעהמען דעם יודישען גלויבען.

---

## ערציעהונג.

ניט זייט אזוי נייגיעריג.

(ענדע).

מען איז אמאל ניט אויפגעלעגט די קינדערשע פראגען צו פערענטווערן, אבער אזוי ניט אויפלעגונג, קאן נאר דאן פארקומען, ווען מען איז טאקי פיזיש אדער גייסטיג ניט אין גאנצען געזונד. אבער אפילו אין אזא צושטאנד טאר מען דעם קינד, וואס שטעהט צו מיט א פראגע, ניט גלאט אבזאגען. דאמאלס דארף מען זעהען אב צו ציהען ניט בעמערקטער הייט דעם קינדס אינטערעסע אויף איין אנדערע זאך, צום שפיעל, אויף א בוך, אויף א צאצקע, אדער מען

דארף עס פערגעמען מיט וואס עס איז, א גאנג שיקען, טהון עפּיס א קינדערשע ארבייט. מען דארף דאס אבער אזוי מאכען, אז דאס קינד זאל זיך ניט שטויסען, אז דאס פערנעהמט מען איהם בכיון, כדי עס זאל ניט פרעגען. די ארבייט, וועלכע מען גיט איהם דאן, ברויך ביי איהם אויסקומען גענוג וויכטיג, אז עס זאל צוליעב איהר אבלע־גען זיינע פראגען אויף א מעהר געלעגענע צייט. געוועהנליך פרעגען קינדער נאר דאן צו פיעל, ווען זיי זענען ניט גענוג בעשעפטיגט, ווען זיי האבען ניט מיט וואס די צייט צו פערטרייבען. בעשעפטיגט מען זיי אבער, דאן קומט עס ניט פאר.

עלטערן דארפען זיך מאכען א כלל, ווי ווייט מעגליך איז דעם קינדס אלע פראגען צו פערענטווערן. עס זאל אפילו פרעגען נארישע אונגנוציגע פראגען, אדער פרעגען איבער אזוינע זאכען, וואס געהערען זיך גאר ניט אן צו א קינד. אין דעם לעצטען פאל, דאס הייסט, ווען עס פרעגט ניט קיין קינדערשע פראגען, דארף מען איהם פערענטווערן נאר דאס פון זיין פראגע, וואס עס קען פערשטעהן און בעגרייפען; דאן וועט דאס קינד זיין צופריעדען און וועט גאר ווייטער ניט פרעגען. פערקעהרט אבער, אז מען זאל איהם ענטווערן: „דו פערשטעהסט ניט, וועט מען ביי איהם אויפרייצען נאך פיעל אנדערע פראגען, ווי צ. ב. פאר וואס פערשטעה איך דאס ניט?” א. ז. וו. עס הערט דאן ניט אויף סיי אונז, סיי זיך אליין מיט כל המינים רעטעניששען צו פייניגען, וועלכע עס קען ניט פערשטעהן. ווען א קינד פרעגט א מאל א נארישקייט נאר צו ליעב דעם, ווייל עס ווילט זיך איהם פלוידערן, דארף מען אזוי מאכען, אז עס זאל זיך אליין די פראגע מוזען פער־ענטווערן, דאמאלס וועט עס איהם באלד נמאס ווערען און עס וועט אויפהערען צו פלוידערן. ווען דאס העלפט אבער ניט און דאס קינד הערט ניט אויף צו פלוידערן, דארף מען זיינע פראגען פערענטווערן אזוי, אז עס זאל בלייבען פערשעמט, דענסטמאל וועט דאס קינד געוויס ענטוושוויגען ווערען. אויב א קינד שטעלט אמאל א וועק א ניט פאסענדע פראגע, מוז מען זעהען צו אונטערשיידען גענוי, אויב עס פרעגט ווייל עס ווייסט ניט אדער ער פרעגט נאר אויס נייגיעריגקייט, אדער פון דעם חשק עפּיס נייעס צו הערען, וואס עס קען פארקומען ביי עטוואס עלטערע קינדער. אין ערשטען פאל, דאס הייסט ווען דאס קינד פרעגט אויס אונוויסענהייט דארף מען זיך מאכען, ווי מען זאגט, „כאלו לא ידע”, ניט פערשטעהענדיג און אזוי אויך פערענטפערן דעם קינדס פראגע. אין לעצטען פאל דארף מאן אזוי ענטווערן, אז דאס קינד זאל קענען דייטליך ארויספיהלען, אז די עלטערן זענען אונצופריעדען, אז זיי קענען ניט ליידען, וואס דאס קינד קען ניט פערשווייגען און עס זאל זיך דערמיט פיהלען ווי בעשטראפט. אזא פערשעמונג ווירקט אויף דאס קינד אסך מעהר, ווי מען זאל אויף איהם אנשרייען. גראדע ביי אזוינע מיני אונפאסיגע פראגען מוז מען זיך היטען מיט דעם ענט־ווער: זיי ניט אזוי נייגיעריג! דען דערמיט, וואס מען פערענטפערט זיי ניט, קריגען זיי ביי דעם קינד נאך א גרעסערע וויכטיגקייט און עס וועט שוין זוכען מיט אלע מעגליכקייטען אויף זיינע פראגען צו בעקומען אנטווארטען אין געהיים. בשתיקה, אזעלכע ענטווערן, וועלכע ער האט עפענטליך ניט געקענט קריגען און בכדי אט דיעזע פראגען זאלען איהם קיין שאדען ניט ברענגען, מוז מען זיי פערענטפערן, מיט אזא מינע, ווי זיי וואלטען גאר ניט וויכטיג געוועזען. נאר מען ברויך אויף אזוינע פראגען ניט קוקען מיט א גרינגקייט, אוועק מאכען זיי אונ־טער דער האנד, ווייל אין גרונד זענען זיי, אדרבא, זעהר וויכטיג, דען זיי בעווייזען אונז, אז דעם קינד'ס געדאנקען־לעבען איז ניט אזוי ריין, ווי עס האט געדארפט זיין.

געפעהרליכער פון אלע זענען די פראגען, וועלכע מען פרעגט גאר ניט, איבער וועלכע מען טראכט נאר און מען קלערט, און עס פערשטעהט זיך, אז פאר איין יונג, ניט צייטיג קינד איז עס נאך טויזענדער מאל מעהר געפעהרליך. דארום מוזען עלטערן און ערציעהער ניט נאר מיט געדולד און ליעבע אלע קינדערשע פראגען פערענט־פערן — זיי מוזען אפילו דעם קינד אריינגעבען א חשק צו פרעגען, ברייננגען זיי דערצו, אז זיי זאלען מוזען פרעגען, ווען זיי קומט א זאך פאר עפּיס ניט פערשטענדליך און זיי ווילען ניט פרעגען אויס מורא אדער דער פאר, ווייל עס איז פאר זיי בעקוועהמער. פון דעם ענט־ווער, וואס א קינד בעקומט פון זיין פראגע, וואס ער האט אליין גע־פרעגט פון זיין אייגענעם אינטערעס וועגען, לערנט ער צעהן מאל מעהר ווי פון לאנגע דרשות, וועלכע ער וויל גאר ניט הערען.

נעהמט זיך, מאמעס, דאס גוט אריין אין זינען און שרעקט ניט אב אייערע קינדער ווען זיי פרעגען אייך עפּיס מיט אייער בייזער פראגע: ניט זייט אזוי נייגיעריג! ווער ווייס, זיי קענען אויך אמאל, חלילה זייער גליק פערלירען צו ליעב דעם, וואס זיי וועלען אייך פאלגען און ניט פרעגען אין דער צייט.

א. קליינמוט.

---

## ווייבערשע רייד.

### ווי אזוי פיהרט מען א שטוב?

— אלץ הייסט געפיהרט א שטוב; נאר פון פיהרען ביז פיהרען איז ניט גלייך, מע בעדארף וויסען ווי אזוי צו פיהרען, וואס צו פיהרען, און ווען צו פיהרען. ס'איז די אייגענע מעשה, גער לויב זיך אליין; נאר, ווי זאגט מען, אז קיינער וויל מיך ניט לויבען, מוז איך מיך אליין לויבען. — אזוי האט אנגעהויבען איהר שמועס שרה פייגע, א ווייבעל אין די מיטלע יאהרען, זיצענדיג שבת־צו־נאכטס א קענגען דער לבנה אין דרויסען אויפ'ן גאניק מיט איהרע דריי שכנות: ציריל, דאבריש און פעסיע־גיטעל. — „אז איך בין אנגעקומען צו איהם (צו'ם מאן הייסט דאס, צו „בערצין”; ער איז שוין ביי איהר דער צווייטער) האב איך געטראפען א שטוב — מע זאל עס גאר ניט זעהן און ניט הערען! אלסדינג איבערגעקעהרט מיט'ן קאפּ אראפּ און מיט די פיס ארויף. זי עליה־השלום, מיינע רייד זאל איהר ניט צו שווער זיין, ווייזט אויס, איז געוועזען די אמת'ע בעל־הבית'טע... ווער טעפּ, ווער טעלער, ווער שיסלען — אלטע אבגעבראכענע שארבענס, און ווייטער גאר ניט! איך האב מיך פיינט צו נארען, ס'איז זיך קיין עין־הרע א שטוב, און א שטוב מוז אלסדינג האבען. איהר וואלט זיך געוועזען געמעגט פערגינען אנקוקען, א קאמער, א קעלער, איין אונטער'ן־אויבען, גאט זאל מיך ניט שטראפען פאר די רייד, וואס דארט איז געוועזען פאר איין אי־בערקעהרעניש — ס'זאל גאר אין ערגיץ אזעלכעס ניט געשעהען!

וואס ווילט איהר ניט? פוילע איגערקעס, צעקראכענע קאווינעס, פערצווימטעטע קארטאפלעס, פערשימעלטע בוראקעס, אויסגעוואקסענע ציבולעס: א מין מיש־מאש, קאשע מיט מאהן אויסגעמישט... קאנט איהר פערשטעהן ווי גרינג ס'איז מיר אנגעקומען איידער איך האב געבראכט אלעס אויף א שטיקעל לאד. טאקי, ווי זאגט מען: מיט גרינע ווערעם און מיט דעם בלוטיגען שווייס! און איצט אפילו אויך, איך האב שוין כלומר'שט יא געמאכט א שטיקעל פאריאדע, האב איך זיך דען אויף וועמען פון דאגען אהין צו פערלאזען? די דיענסטען פערשפאר איך אייך זאגען ווער זיי זענען; ווארום א פראסטען קאליש קאן עס דען אפקאכען? אדער ער איז ליאג, אדער גאר ווי גראז, און אז ניט, איז חאטש פערויכערט... גלאט קאן ניט זיין... ווער שמועסט א ראסעל־פלייש, א יויך, קאטלעטען, פיש, צו א קוגעל — איז א ודאי ניט דא קיינער אין דער היים! וואס דארפט איהר מעהר? א סאמאוואר אויפשטעלען, דאכט זיך א קלייניגקייט, יא? — פון דעסטוועגען פרובט, קוקט ניט, קען ער א וועק שטעהן ווי א מאניאק שעה'ן לאנג און רויכערען, און קיין גלעזעל ווארעמס וועט איהר זיך קיינמאל ניט דערלעבען! וואס איז מינער א טעפעל אויסוואשען — אז מע קוקט ניט אליין איז בלאטע... מיין ציפע (דעם מאנס עלטערע מיידעל) דאכט זיך, שוין א מיידעל צו לייטען, א כלה־מויד; פרעג זי בחרם, צי קאן זי אפילו א קאץ איינעק צו־בינדען? צו'ם עסען, זעהט איהר, זענען זיי דא, זיי קומען שטענדיג צום גרייטען... איך קוילע מיך, איך ליארעם, איך פילדער. איך שריי געוואלד; נאר וואס העלפט מיר? פונקט ווי איין ארבע אין דער וואנד! און טאמער טהוט זי שוין יא אמאל עפיס, האט עס גלאט דעם זיבעטען חן... דער טאג הויבט זיך אן מיט'ן בוך, און ענדיגט זיך מיט'ן בוך. זי האלט אין איין שטודירען. ציגען זאלען אזוי וויסען אין גארטען ארײן, ווי זי ווייסט וואס; מע דארף גלאט נאכטאנצען יענעם! איין אומגליק געווארען אט דאס שטודירען, א אנשיקעניש בנאמנות, ווי ערגיץ א לאך, ווי ערגיץ א מייזען־ווינקעל הערט מען מעהר ניט, נאר מע שטודירט! ארעם און רייך, קליין און גרויס, מיידען לאנגע, סטאלצעס, אומגעלימפירטע, לויפען הין און הער איבער די גאסען מיט פעק ביכער אונטער דער ארעם, אזוי ווי די משוגעים, אזוי ווי פערסמ'טע מייז. פרעג זיי א שטייגער וואס? ווער? וועמען? — ווייסען זיי אליין ניט.. אלע מיט איין מאל ווילען ווערען דאקטוירים, אקושערקעס, מאסאזשיסטקעס, צייהנשלעפערינס, צי גלאט דער רוח ווייסט וואס... חתונה האט מען ניט, מע וואקסט אין סטויס ארײן; נאר מע ראמאנסירט, און ביים ראמאנסירען בלייבט מען טאקי. איז דא נדן איז גוט, אלא ניט, איז ניטא מיך... האב איך געמיינט אויף כטעות'ען... אמילכיגער נס האט געטראפען מיט שיינצי מאטיל־שיינצים, וואס א סטודענט האט זי אויסגעחאפט, אזוי ווי זי שטעהט און געהט; אבער ניט אלע מאל קען אזא נס געשעהן!.. א פנים אז ניט אומזיסט איז אזוי שווער היינטיגע צייטען א דיענסט צו בעקומען, אלע זענען פריציטעס געווארען. שוין איבער צוויי וואכען, אז איך זיץ אהן א דיענסט און מיטשע מיך שונא־ציון אויפ'ן טוידט, איך קאן שוין פשוט נישט פלאנטען מיט די פיס; און אז ס'קומט צו עפיס, ווער איז שולדיג? — איך. בערצי זאגט: זאלסט אזוי ניט קאמאנדעווען מיט זיי, וואלטען זיי זיך געהאלטען. נו, געה טענה מיט איהם! איך זאג אייך פשוט, אז דאס הארץ קען צעגעהן און מע מוז נאך שווייגען אויך. ווארום ס'גליסט זיך ניט מאכען לאטיש געלעכטער... מיט די מאנסבילען, זאג איך אייך, איז נאר א אקציע בנאמנות, שטענדיג קומט נאך זיי ארויס! אט נעהמט למשל מיין בערצין, איז ער אויך שטענדיג מלא טענות: ביי דיר — זאגט ער — א פנים אין דער מיטערלאגיע (טערמינאלאגיע) איז דאס ווארט "רעדען" אין גאנצען אויס געריסען. דו ווייסט — זאגט ער — נאר פון שרייען, געוואלדיוען, פילדערען, ליארמען, האוקען, ווארטשען, בורטשען; אבער רעדען — מאן דבר שמיה, דאס מין קריגט מען ביי דיר ניט... אז איך ליג נאך אין בעט — זאגט ער — הויבסט דו שוין אן צו פאראדקאווען און שטענדיג געפעלט דיר ניט וואס יענער טהוט. נו געה גיב איהם צו פערשטעהן, אז איך זעה, כדומה למשל, די "מויד" שטעלט אויף דעם סאמאוואר מיט א גאנצע שעה פריהער איידער איך שטעה אויף, און מיט דעם אויבען איין הייצען ווארט זי דווקא אויף מיר. הויב איך מסתם אן פילדירען: "סטייטש, וואו איז דאס געהערט געווארען אין דער גאנצער וועלט, אז יענעמס בלוט זאל זיין אזוי הפקר? ווי האט מען אזוי קיין רחמנות ניט און מע ברענט יענעמס גוטס, וואס איז, קוילען געפינט מען אין גאס, צי מע שיינקט זיי מיר עמיצער? און וואס האט מען צו ווארטען ביז אכצעהן א זייגער מיט'ן אויבען, אויף ווען קען שוין ארויסקומען דער ווארימעס?.. וואס־זשע מיינט איהר ענטפערט מיר די פיסקאטע? "איך פערשטעה ניט — זאגט זי — ווי אזוי מע איז שוין פאר אייך יוצא; אז איהר שרייעט אזוי פאר די קוילען, היינט ווי אזוי וואלט איהר שוין געשריגען פאר'ן האלץ, האלץ איז פיעל טייערער פון קוילען"? — נו, פערשטייט איהר זיך שוין, אז פאר דער תשובה בעקומט זי פון מיר איהר ערליך אויסקומעניש, ווארום די גאל קען זיך טאקי צעפיקען, און לאזען זיך שפייען אין דער קאשע וויל איך ניט — חאפ איך דאס ריב־אייזען, אדער דאס אויבערשטע פונ'ם שטייסעל און ווארף איהר אין פנים... מאכט זי א געוואלד, איך, א גרעסערן, חאפט "ער" זיך אויף אין כעס און בלאזט זיך אויף מיר ווי א הינדעק, ס'קומט איהם נאך ארויס... אין אמת גערעדט, אז מע וויל צוריק, וואס האט איהם טאקי צו ארען? אז שטענדיג איז ער פארהאצט, דאס מיט דעם, דאס מיט יענעם, און אז ער קומט עסען ווייסט ער ניט אויף וועמעס וועלט ער געהט ארום... איהר מעגט איהם דערלאנגען צום טיש, איך בעט אייך איבער, "קעבעבע", איז אויך גוט... אינמיטען האט ער גאר א נאטור, באלד חאפט ער זיך צו'ם "בלאט". ביי איהם איז דער "בלאט" טהייערער פון א קאפאטקעלע. ער האט אויסגעשריבען אין איינעם מיט יאסי־חיים־וועלווילס דעם "צפיר" און שטענדיג שלאפט ער מיט איהם און עסט מיט איהם; צווישען איין ביסען און אנדערען חאפט ער דערווייל א קוק אין "צפיר", פערשטעהט איהר שוין, וואס פאר א טעם דאס עסען קען האבען... אז איך גיב אין מיטען א געשריי: בערצי! וואס זעהסטו בעסער ניט ווי אזוי מע זיצט ביי א טיש?.. חאפט ער זיך אויף ווי א צעמישטער, גלייך ווי ער זאל ערשט אראפפאלען פון יענער וועלט... הא? וואס? ווער זיצט? א וואסער א טיש? און שטעקט ווייטער דעם גאפעל אין טעלער, חאטש ער האט שוין דאס פלייש לאנג אויפגע־

געסען.. יא, גוט וואס איך האב מיך דערמאנט, זאגט מיר, איך בעט אייך, איהר זאלט מיר לאנג לעבען, וואס א שטייגער האט דער „צפיר" צו די ווייבער? בערצי דערצעהלט מיר, אז ער קריעגט זיך מיט די „ווייבערשע שרייבערס", למאי שרייבען זיי פון זייערט וועגען גאנצע בלעטער צייטונגען און ביכלעך. דער „צפיר" פערגינט א פנים ניט, אז די ווייבער זאלען אויך וויסען וואס אויף דער וועלט טהוט זיך... איך זאג עס א קעגען דעם, ווי אזוי די מאנסבילען פערשטעהען אלע, אז זיי זענען דער עיקר, זיי קומט אין גאנצען, און די ווייבער — גאר ניט... טראגען, האבען, באקען, קאכען, נייען, לאטען — אט דאס איז זייער ארבייט, און זיי זאלען קומען צו'ם גרייטען... דער „צפיר" וויל, אז עס זאל ניט זיין קיין ווייבערשע שרייבער, ווייבער זאלען מעהר ווי דעם טאפ מיט דער אנטשערקע ניט וויסען...

פון דער שטוב הערט זיך א קול: „מוהמע וואו האט איהר דאס „האק־ברעטעל"?

— האקען זאל דיר אין קאפ! — איהר זעהט ווי אזוי מע לאזט ניט דריי ווערטער אויסרעדען? ציפא! קום נאר אהער. געה נעהם אריין די פלאסקע טעלער, די בלויע, דו הערסט וואס מע זאגט דיר. די בלויע, און שפרינג אראפ אויף איין פוס אין קעלער און נעהם ארויף זויערע אוגערקעס מיט א קאוועץ, נאר פערגעס ניט צוריק צודעקען, און מאך ניט אן קיין חרבונות, און הויב אפ אין איין וועגס דאס קריגעל „פוד־סמעטענע", און האק איין דעם הערינג מיט א ציבעלע און מיט א סך עסיג, דו הערסט צו גיין, מיט א סך, דער טאטע האט ליעב מיט א סך עסיג....

— וואו־זשע האט איהר געלעגט דאס „האק־ברעטעל"?

— האקען זאל דיר אין קאפ, וואס אליין ביסט דו קליין צו געפינען? אוי, אוי, געבענשט זאלען טאקי זיין די הענד וואס טהון אלסדינג אליין, מיט פרעמדע הענד איז טאקי נאר גוט פריסיק צו שארען... בין איך ניט גערעכט וואס איך זאג אז א שטוב דארף מען וויסען ווי אזוי צו פיהרען, נאר געה שריי „אני שלמה". אז קיינער הערט דיך ניט. אלע ווייבער קענען פיהרען, אלע ווייבער זענען בריה'טעס, נאר פון פיהרען ביז פיהרען איז א חילוק.

אלץ הייסט געפיהרט!

פון דער שטוב הערט זיך א קול: „מאמע, דער טאטע וויל וועטשערע"!

— א־ווא, א־ווא, זיך א פנים גוט פערזעסען.

א גוטע נאכט! א גוטע נאכט!

און שרה פייגע מיט איהרע דריי שכנות צעגעהן זיך א היים.

א בעל־הבית'טע.

# קינדערשע צייהנער.

(ענדע).

ביז דעם 14־טען יאהר שניידען זיך אוים 28 שטענדיגע צייהנער, אבער עס זענען דא 32 שטענדיגע צייהנער. וואו זענען די איבריגע פיער? די לעצטע פיער פון די שטענדיגע צייהנער, וועלכע רופען זיך: „קלוגע צייהנער", קומען ערשט אן שפעטער, אין דעם משך פון 16 ביז 24 יאהר, און עס טרעפט אויך, אז זיי וואכסען אוים נאך שפעטער, און גאר אויך דער עלטער אויך. בכלל מעג מען די קלוגע־צייהנער אנרופען: קאפריזנע צייהנער. עס טרעפט, אז זיי וואכסען גאר ניט אוים, ווייל עס איז פאר זיי קיין ארט ניט געבליבען אין מויל. נאר, חאטש זיי רופען זיך „חכמה צייהנער", דאך שטערט עס ניט יענעם מענשען ביי וועמען זיי פעהלען אוים, צו זיין א „חכם־מחוכם"... באמת זענען די צייהנער דווקא נאר בארבארישע (ווילדע) צייהנער, א ירושה פון דעם ווילדען לעבען, ווען עס זענען נאך ניט געוועזען ביי דעם מענשען די פיעלע אינסטרומענטען, וועלכע פערגרינגערען אזוי פיעל דעם מענשען זיין מלחמה פאר'ן לעבען; דאמאלס האט דער מענש וואס מעהר צייהנער געברויכט. היינטיגע צייטען אבער ארבייט דער מענש וועניגער מיט די ציין ווי א מאל! ער בענוצט ניט די ציין אזוי פיעל צום רייסען און בייסען, די באק־ביין ווערד אלע מאל קורצער און קורצער, דעריבער פערבלייבען אפט מאל די פיער לעצטע צייהנער אינוועניג אין באק ביין, און שניידען זיך גאר ניט ארוים. די פיער חכמה־צייהנער קומען גראדע אן מיט שוועריגקייטען. דער אויבערשטער צאהן פון זיי וואכסט אמאל אוים אין באק אריין, — דענסטמאל מוז מען פון איהם פטור ווערען, ווארום ער קען שאדען דער באק. איבערהויפט קומען אן שווער די אונטערשטע חכמה־צייהנער. איידער זיי שניידען זיך אוים פיהלט דער מענש אזעלכע שרעקליכע ווערטאגען אין ווינקעל פון באק־ביין, אמאל אין איין זייט און אמאל אין צווייטען, ביז די יאסלע, אונטער דעם לעצטען צאהן, ווערד ענדליך אנגעשוואלען אזוי, אז זי קוועטשט זיך אריין צווישען די אונטערשטע און די אויבערשטע צייהנער.

מיר דארפען אבער אלע מאל געדענקען, אז נאר די מוטער קען אכטונג געבען אויף די קינדערשע צייהנער, ווארום, אויף די קינדער מוז מען אכטונג געבען פון די ערשטע צייהנדעלעך, וועלכע בעווייזען זיך צום ערשטען יאהר, און דאס קען נאר די מוטער, וועלכע געפינט זיך שטענדיג מיט'ן קינד. די מוטער איז די ערשטע ערציעהערין פון דעם קינד, נאך פאר'ן רבי אין חדר און דעם לעהרער אין שולע. דעריבער קען זי לייכט פערפלאנצען אינ'ם קינד נאך פון די יונגע יאהרען די געוואהנהייט צו היטען די צייהנער.

דענטיסטין ג. ציפי־לעווי.

# בריעף־קאסטען פון די רעדאקציאן.

פ. פ—ק.: אייער ארטיקעל: „ניט אלץ, וואס גלאנצט, איז גאלד", איז נישט שלעכט געשריעבען, אבער ער איז צו שפעט געקומען. שרייבט עטוואס אנדערש.

עס וועלען נישט געדרוקט ווערען:

א תירוץ פאר דער ווייב (ק. ז.); דער אתרוג (ב. וו—ו.); איבער די פרומע ווייבער (שיר) (מ—ן.); ניט זידעלט אזוי! (ל. ה—ר אין ה.).

☞ די פארטזעטצונג פון דעם ראמאן „ווער ווייסט" וועט קומען אין נומער 19.



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau